# מיין ביבליאטעק

## וועגן משה נאדיר

קריטישע פאלעמיק

— פון —

# פאָראויס־וואָרט

דאָס איינציגע פּלאַץ פאַר דעם שריפטשטעלער, איז דאָס בוך.

דער בוכשטאַב־קינסטלער האָט נישט וואָס צו טון אין אַ צייטונג; צייטונגען זיינען בלויז פאַר זשורנאַליסטען, באַריכטער און רעדאַקטאָרען.

ליידער איז די אידישע ליטעראַטור צו דעם בוך נאָך נישט דערוואַקסען. דאָס רוב אידישע שריפטשטעלער האָבען זיך דערצויגען אויף די צולאָזענע און קאָמערציאַליזירטע שפּאַלטען פון דער פּרעסע. דערפאַר איז אין אידיש דאָס גרויסע ווערק נאָך נישט געשאַפען געוואָרען. דאָס גרויסע ווערק קאָן געשאַפען ווערען נור דעמאָלט, ווען דער שריפטשטעלער האָט אין זינען דאָס בוך; ריכטיגער: ווען ער האָט נישט אין זינען די צייטונג.

פיעלע שרייבער דענקען, אַז די צייטונג איז אַ גוט פּלאַץ פאַר ליטעראַ־רישע עקספּערימענטען, און אַז מיט אַ בוך דאַרף מען אַרויסקומען ערשט דעמאָלט, ווען מען קאָן שוין שרייבען.

דאָס איז פאַלש.

ערשטענס, דאַרף מען אפילו אין אַ צייטונג אויך קאָנען שרייבען. אַ חוץ דעם, איז עס סתם נישט יושר׳דיג צו מאַכען עקספּערימענטען אויפ׳ן חשבון פון לעזער׳ס געדולד און געלד.

עקספּערימענטען דאַרפען געמאַכט ווערען ביי זיך אין צימער, וואו קיינער זעהט נישט, און וואו קיינעם׳ס געדולד ווערט דערביי פאַרגוואַלטיגט.

פיעלע דענקען אויך, אַז אַ שרייבער מוז האָבען אַ רעדאַקטאָר. דער שרייבער, וואָס קאָן אָהן אַ רעדאַקטאָר זיך נישט באַגעהן, איז, לויט מיין בליק, נאָך קיין שרייבער נישט.

פאַרהעלטניסמעסיג, זיינען אין קיין ליטעראַטור נישט פאַראַן אַזוי פיעל רעדאַקטאָרען ווי ביי אונז. דערפאַר האָבען מיר טאַקע ווענינער שרייבער ווי זיי.

ס׳איז נאַריש צו דענקען, אַז דער רעדאַקטאָר העלפט — ער שאַדעט. אפילו ווען ער פאַריכט, מאַכט ער אויך קאַלי — ער מאַכט קאַלי דעם חסרון. דער חסרון איז דער נויטיגסטער אַטריבוט אין דעם שרייבער׳ס ליטעראַ־רישע אַנטוויקלונג.

„מיין ביבליאָטעק" וויל, אויב נישט באַשאַפען, ווינציגסטענס סטימו־לירען דעם וואונש פאַר דאָס אידישע בוך.

## געגנער פון משה נאַדיר!

איך פּאָלעמיזיר וועגען משה נאַדיר נישט דערפּאַר, ווייל איך וויל איהם ראַטעווען. נאַדיר'ן באַדאַרף מען נישט ראַטעווען. גלויבט מיר, ער איז געראַטעוועט.

איך שרייב וועגען נאַדיר'ן, אַקוראַט ווי איך וואָלט דאָס געטון וועגען אַן אַנדער סוביעקט. ער איז מיין טעמאַ, מיין אויסרייד, מיין תירוץ. אין אמת'ן בין איך גאָר אויסען צו ווייזען אייך און אַנדערע די פאַרב פון אייער פּנים. איך וויל ווייזען, ווי פאַרדאַמט־קאָנסערוואַטיוו איהר קוקט אויף זאַכען און ווי איהר באהאַנדעלט זיי. נאַדיר נעמט ביי מיר אָן דעם כאַראַקטער פון אַ שפּיגעל, פון אַ וויזיאָן, אין וועלכער עס ערשיינען איהר, מיט אייער גאַנצער קליינליכקייט.

א.

## פערזענליכקייט פון קינסטלער

דאָס ערשטע, וואָס איך פאַרלאַנג פון אַ קינסטלער, אָהן אונטערשיד אויף וועלכען געביט ער שאַפט, איז פערזענליכקייט. פערזענליכקייט איז דער מקור פון וואַנען דער קינסטלער שעפּט זיין דיכטערישע יניקה. אָהן פערזענליכקייט איז דער קינסטלער געגליכען צו אַ הויז אָהן אַ באָדען. אין אַזאַ פאַל איז דער קינסטלער אַן אומבאהאָלפענער מיטעלפּונקט, דורך וועמען עס מאַניפעסטירען זיך איינדרוקען און שטימונגען פּונקט ווי ער האָט זיי באַקומען, אָהן דעם צוגעגעבענעם עסענץ, וואָס זאָל געשטאַלטען זיין אייגענ־טימליכקייט. אמת, איהם וועט טאַקע געלינגען איבערצוגעבען שטימונגען, איינדרוקען, אפילו געדאַנקען, אָבער דאָס וועט אונז נישט געבען אַ באַגריף פון קינסטלער׳ס פּערזענליכען עלענד, (אויב ער זאָל, למשל, וועלען אויסדריקען זיין עלענד.) מיר וועלען בלויז באַקומען אַ באַגריף פון דעם זעלבסט־עלענד פון זיינע שטימונגען, איינדרוקען און געדאַנקען. נישט מעהר.

אויב אַזאַ קינסטלער איז, למשל, אַ געניטער דיכטער, וועט ער אונז מאַכען דערפיהלען דעם עלענד, וואָס קומט פון זיינער אַ צופעליגער שטי־מונג — דעם עלענד, וואָס איז פון געוויסע סבות פאַראורזאַכט געוואָרען און וואָס קאָן, אונטער דעם דרוק פון אַנדערע סבות, פאַרשווינדען. אָבער דעם קינסטלער׳ס ריין־פּערזענליכען עלענד, זיין איי‌ביגען עלענד, דאָס וועלען מיר אין אַזאַ שאַפונג נישט דערפיהלען, ווייל דער אייביגער עלענד פון קינסטלער געפינט זיך גאָר אין די פאַלדען פון דאָס אייביג־עלענ־דע אין זיין פערזענליכקייט.

די צופעליגע געפיהלען און שטימונגען פון אַ קינסטלער אָהן פּער־זענליכקייט, וועלען, מעגליך, באַקומען אַן אָפּקלאַנג אין אונז, אויב דער קניסטלער האָט באמת דורכגעלעבט דאָס וואָס ער האָט געשריבען; מעגליך אַז זיי וועלען אויך באַשאַפען אַ רעאַקציע. אָבער ווען די אויפגעוואַכטע געפיהלען אין אונז וועלען, אין זייער פאַרבינגקייט, אָוועקפליהען אויפזוכען זייער געבורט־אָרט, די אומפאַרמיידליכע סבה פון זייער אַנטשטעהונג, וועלען זיי קיין באַשטימטען געבורט־אָרט נישט געפינען. זיי זיינען ממזרים. נעבוירען „אָרום פרעמדע פלויטען״, „נעבען פרעמדע טירען״, „אויפ׳ן גאַס״, אָדער, העכסטענס, אין דעם קאָמפּלעקס פון אומגעבונגען. דאָס איז דער־

פאַר, ווייל דער קינסטלער, וואָס האָט אין אייך יענע געפיהלען אַרויסגע־רופען, האָט מיט זיין שאַפונג נישט מיטגעשיקט אַ חלק פון זיין פּערזענ־ליכקייט.

פאַר דעם קינסטלער אָהן פּערזענליכקייט קאָן יעדער דרויסענדיגער איינדרוק זיין דער צוועק פון זיין שאַפען: אַ בוים, אַ בלום, אַ פעלד, אַ גאַס־ערשיינונג. דאָס איז גענוג צו סטימולירען זיין טאַלאַנט און דאָס ווערק איז באַשאַפען. לעזענדיג זיין ווערק, באַקומען מיר טאַקע דעם איינ־דרוק פון דאָס, וואָס דעם קינסטלער'ס אויג האָט, בעת מעשה, געזעהן און וואָס זיין האַרץ האָט דעמאָלט געפיהלט, אָבער נישט מעהר.

אַנדערש איז שוין דער קינסטלער מיט פּערזענליכקייט.

אַזאַ קינסטלער באַשאַפט שוין גאָר אַן אַנדער איינדרוק. קודם כל שעפּט נישט אַזאַ קינסטלער זיינע איינדרוקען „אַרום פרעמדע פלויטען", „נעבען פרעמדע טירען", אָדער „אויפ'ן גאַס". דער מין קינסטלער ווערט אַזוי דאָמינירט פון זיין פּערזענליכקייט, אַז תמיד און אומעטום געפינט ער זיך אונטער איהר השגחה. ער קאָן פון זיין פּערזענליכקייט זיך קיינמאָל באַפרייען, אַקוראַט ווי אייער גוף פון זיין הויט.

פאַר דעם קינסטלער מיט פּערזענליכקט זיינען די דרויסענדיגע ערשיי־נונגען נאָר אַ מיטעל צום צוועק; אַ מעדיום, דורך וועלכען ער פאַרבינט אייך מיט דאָס איינענטימליכע אין איהם, מיט זיין פּערזענ־ליכקייט. אַזאַ קינסטלער שרייבט אויך זעלטען פון בוימער, בלומען, פעל־דער, אָדער גאַס־ערשיינונגען. טאָמער טוט ער עס שוין יאָ, געפינט זיך דאָרט מעהר זיינס איידער דעם בוים'ס, דער בלום'ס, אָדער דעם פעלד'ס; אינאיינעם מיט זיין שילדערונג טראָגט זיך מיט אויך אַן עפּעס, וואָס דינט אייך אַלס וועג־ווייזער צוריק צו איהם, צו זיין גאַנצער אינוועניגדיג־קייט, צו זיין פּערזענליכקייט.

דאָס זעלבע גילט אויך אין אַלע אַנדערע צווייגען פון קונסט און, וואָס אַמבאַטרעפט פּערזענליכקייט, אויך אין דער פילאָזאָפי און וויסענשאַפט.

ב.

# הפקרות

משה נאַדיר איז אַ הפקר־קינסטלער. אַזוי דענקען די מערסטע.

שטעלט זיך ביי זיי די פראַגע: קאָן, אַלזאָ, אַ הפקר־קינסטלער פאַר־מאָגען פּערזענליכקייט?

לאָמיר קודם זעהן וואָס מיינט אַ הפקר־קינסטלער.

אויב מיר נעמען אָן, אַז אַ הפקר־קינסטלער איז דער, וואָס דריקט אויס הפקרות אין זיין שאַפען, מיינט עס, אַז ער גופא איז אַ הפקר־מענש. דע־מאָלט האָבען מיר שוין נישט צו טון מיט דעם קינסטלער, נאָר מיט ד ע ם מ ע נ ש.

איז, אַלזאָ, משה נאַדיר אַ הפקר־מענש?

אַ הפקר־מענש איז דער, וואָס פאַרמאָגט נישט, אָדער האָט שוין פאַר־לוירען, דאָס געפיהל פון נאַטירליכע זיטליכקייט. אַזאַ מענש איז געוועהנליך דעגענערירט און פאַרלאַכט יעדע שטרעבונג צו דאָס שעהנע און גייסטרייכע. דער אמת'ער דעגענעראַט ווערט שאָקירט פון יעדע נאַטירליך־שעהנע ערשיי־נונג און איז אַמאָל גרייט צו פאַרוואַנדלען עס אין מיאוסקייט און וואול־גאַריטעט.

די ליטעראַטור און די געשיכטע דערצעהלען אונז פון דעגענערטאַען, ביי וועלכע עס האָט זיך שוין אפילו געהאַט אויסגעאַרבייט אַזאַ מין לאָגיק, מיט וועלכער צו רעכטפערטיגען זייערע מיאוסע און וואולגאַרע האַנדלונגען.

אויב אָבער מיר נעמען אָן, אַז אַ הפקר־קינסטלער איז דער, וואָס באַנוצט זיך מיט זיינע ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע מ י ט ל ע ן א ו ן כ ח ו ת אויף אַ הפקר'דיגען אופן, דעמאָלט איז שוין גאָר אַן אַנדער מין זאַך. אין אַזאַ פאַל קאָנען מיר שוין ניט זאָגען, אַז ד ע ר מ ע נ ש אין דעם קינסטלער איז פאַרדאָרבען, נאָר מיר מוזען שוין מאַכען אַ גרינדליכערען שטודיום איבער די סבות, וואָס באַוועגען דעם קינסטלער צו אַזאַ מין אויסדרוק.

וואָס זעהען מיר, ווען מיר שטעלען אַוועק משה נאַדיר'ן אין דער מיט פון די דאָזיגע צוויי באַטראַכטונגען? מיר זעהען גלייך, אַז נאַדיר איז נישט קיין הפקר־מענש. דאָס געפיהל פון שעהנקייט און גייסטרייכקייט איז ביי איהם אַנטוויקעלט ביז גאָר. קיין זאַך שאָקירט נישט אַזוי דעם פיין־פיה־לענדען נאַדיר ווי דאָס מיאוסע און וואולגאַרע. זיין קאָמיזם דערגרייכט דעמאָלט די העכסטע מדרגה פון טראַגיק און איהר פיהלט, אַז זיין פעדער טריפט מיט גאַל און פאַרביטערונג.

משה נאַדיר, קאָן מען זאָגען, איז אַ הפקר־קינסטלער אין דעם זין, וואָס

ער באנוצט זיינע קינסטלערישע מיטלען אויף א הפקר'דיגען שטייגער.

אָבער פארוואָס טוט ער דאָס? איך וועל עס פּרובירען ערקלעהרען.

משה נאדיר איז נישט קיין הומאָריסט. ער איז א טראגיקער. אויס־געוועהלט די פאָרם פון הומאָר, האָט ער בלויז דערפאר, ווייל ער פיהלט, אז דורך געלעכטער וועט ער קאָנען בעסער ארויסווייזען זיין צאָרן און פארביטערונג.

ווען א מענש איז טראגיש, איז א סימן, אז ער איז נישט פארדאָרבען. דער טראגיקער באווייזט מיט זיין צושטאנד, אז דאָס געפיהל פון יושר אָדער שעהנקייט איז אין איהם באליידיגט געוואָרען. דער דעגענעראט, דער הפקר־מענש, פארמאָגט נישט אזא געפיהל.

משה נאדיר לייד נישט פון דעם געוועהנליכען וועלט־שמערץ. ער האלט, אז די מענשען פארדינען זייערע ליידען. נאדיר קאָן אָבער נישט געפינען קיין בארעכטיגונג פאר דער מענשליכער פרייד. אין דעם בא־שטעהט זיין אמת'ער טראגיזם. זיין אנטוישונג קומט נישט פון דער ערד, זי קומט פון הימעל, פון דעם גאנצען קאָסמאָס. און אז דער מענש ווערט אנטוישט אין הימעל, רעכענט ער זיך אָפּ מיט דער ערד.

דאָס איז די צייט ווען דער מענש ווערט ציניש. נאדיר האָט אָבער פיינט דעם נאטירליכען ציניזם. נאטירליכער ציניזם איז גראָב, וואולגאר. מאכט ער זיך ציניש. פארדריסט איהם דער גאנצער שפּיעל. ווערט ער זעלבסט־ציניש.

משה נאדיר איז זעלבסט־ציניש.

נאדיר איז אפשר דער איינציגער הומאָריסט, וואָס לאכט מעהר פון זיך, איידער פון אנדערע. ער טראכט: וואָס דארף איך לאכען פון אנדערע, אז איך גופא בין איינער פון זיי? איז זיין פרייד דען נישט אזוי לעכערליך־אומבאגרינדעט ווי זייער?

דער אמת'ער ציניקער איז אַן אָפּלאכער. דער הפקר־מענש טוט דאָס זעלבע — דורך האנדלונג.

נאדיר איז נישט קיין אָפּלאכער. נאדיר לאכט. זיין געלעכטער קומט ספּאָנטאַן, אימפּולסיוו, ווי דאָס וויינען. נאדיר וואָלט אויסגעוויינט זיין טראגישע לאנגווייליגקייט, איז אָבער דאָס וויינען מאָנאָטאָן און בא־גרענעצט. דאָס געלעכטער איז אָבער פיעלפאָרמיג. דערפאר איז משה נאדיר א הומאָריסט.

משה נאדיר איז יענער קעניג, וואָס האָט נישט קיין מלוכה, איבער וועלכער צו געוועלטיגען. איז ער אליין די מלוכה. געוועלטיגט ער איבער

זיך זעלבסט. פּייניגט ער זיך, פאַרשקלאַפט ער זיך, דערלייזט ער זיך, טוט מיט זיך אַלעס, וואָס ער וואָלט געטון מיט זיין מלוכה.

משה נאַדיר איז יענער קעניג, וואָס האָט נישט ווער ס'זאָל איהם קרוינען און ווער ס'זאָל איהם די קרוין פון קאָפּ אַרונטעררייסען. טוט ער עס אַליין. דערפאַר איז ער אַזוי זעלבסט-ליבענד אין זיין שרייבען, דער־פאַר אַזוי זעלבסט־אַטאַקירענד.

משה נאַדיר איז אַ קינסטלער! צופעליג איז ער אַ שרייבער. מאַכט ער נישט קיין גרויסען צימעס פון זיין שרייבען. שפּילט ער זיך דערמיט. איז דאָך אָבער משה נאַדיר אַ קינסטלער, קומט אַרויס זיין שפּיל קינסט־לעריש. אַנדערע דענקען, אַז דאָס איז נאַדיר'ס צוועק, ער אַליין ווייס, אַז דאָס איז זיין אומבאהאָלפענקייט. פאַרדריסט עס איהם. מאַכט ער אַן איבערקערעניש אין זיינע ווערטער. איז דאָך אָבער משה נאַדיר אַ קינסטלער, קומט דערפון אַרויס אַ קינסטלערישער סטיל. אַנדערע דענקען, אַז דאָס איז נאַדיר'ס צוועק, ער אַליין ווייס, אַז דאָס איז זיין טראַגיק. פאַרדריסט עס איהם שטאַרקער. מאַכט ער אַן איבערקערעניש אין זיינע געדאַנקען. גלייכען זיך גאָר אויס די געדאַנקען פון אַנדערע. משה נאַדיר איז אומגליקליך!

ג.

# נאַדיר׳ס פּערזענליכקייט

איז, אַלזאָ, משה נאַדיר אַ פּערזענליכקייט?

געוויס! אַ פּערזענליכקייט מוז דאָך אָבער זיין גאַנץ? איז דען משה נאַדיר נישט גאַנץ — אין זיין צעריסענקייט? איז ער נישט אימער צעריסען?

אויב משה נאַדיר פאַרמאָגט עפּעס, איז דאָס פּערזענליכקייט. נעמט פון איהם אַוועק די פּערזענליכקייט און איהר האָט ליטעראַריש אַלעס פון איהם אַוועקגענומען.

סיי פון זיינע לידער און פעליטאָנען, סיי אפילו פון זיינע „אומשולדיגע" הומאָרעסקען, שטייגט אַרויס אַ מערקווירדיגע, אין זיך גופא קאָמפּליצירטע פּערזענליכקייט.

וועלכע טעמא נאַדיר זאָל נישט באַרירען, מעג עס זיין פון דעם קלענ־סטען אָדער גרעסטען באַדייט, פיהלט איהר, אַז ביי איהם איז דאָס בלויז אַ נעבענזאַך, אַן אויסרייד, אַ תירוץ. אין אמת׳ן איז ער גאָר אויסען עפּעס אַנדערש: אויסצודריקען זיין אייגענע, פיעלפאַרביגע פּערזענליכקייט.

משה נאַדיר באַנוצט זיך מיט בוימער, בלומען, פעלדער, אַלגעמיינע בענקשאַפט, האָפנונג און צער, אָבער נאָר אויף אַזוי פיעל, אויף וויפיעל ס׳איז נויטיג אויפצושטעלען אַ בריק, איבער וועלכער ער גופא, ער מיט זיין אייגענעם איך זאָל קאָנען צו אייך קומען.

קוים דערזעהט איהר גלייך נישט דיזען גרונד־שטריך ביי משה נאַדיר, וועט איהר, פאַרשענדיג זיין כאַראַקטעריסטיק, שוין האַלטען אין איין בלאָנ־דזשען. געפינען וועט איהר בלויז מאַסען נעבענוועגען, קרומוועגען, וואָס וועלען אייך אַראָפּפיהרען פון נאַדיר׳ס אייגענעם גלייכוועג.

ווען אָבער אייך געלינגט יאָ צו דערזעהן משה נאַדיר׳ס פּערזענליכקייט אין זיין שרייבען, וועט איהר איהם, מיט גרויס אינטערעס, שוין נאָכפאָלגען אין דעם רייכען לאַבירינט פון זיין אינטעלעקט. דער שפּאַציר, כאָטש אַ זיג־זאַגישער, וועט אויסגלייכען אַ סך נאַרישע און לעכערליכע קרומקייטען פון אייער אַרום.

זייט פאָרזיכטיג און מאַכט נישט קיין טעות: משה נאַדיר׳ס וועג איז נישט קיין זיג־זאַגישער, אָדער, ווי מיר וואָלטען דאָס באַצייכענט אין פּראָסט אידיש, אַ קרומער. נאַדיר׳ס וועג איז אַ גלייכער, איינער פון די גלייכסטע. אָבער ווי אַזוי, פרעג איך, קאָנט איהר שניידען אַ גלייכען וועג דורך זומפּיגע מקומות? איהר וואָלט דאָך בײם ערשטען שפּאַן פאַרזונקען געוואָרען. אויב, אַלזאָ, איהר ווילט אויסמיידען די זומפּען אויף אייער וועג, מוזט איהר

ערטערוווייז פּאַרקירעוועןָ. וואָס זשע זייט איהר שולדיג ווען אויף אייער וועג געפינען זיך אַ סך זומפּען ? דעמאָלט בלייבט אייך איין ברירה : האַלטען אין איין פּאַרקירעווען. נו, דאַרף איך דען דערפאַר זאָגען, אַז איהר האָט זיך אויסגעקליבען אַ קרומען, זיג־זאַג־וועג ?

משה נאַדיר איז אומבאַשטימט. אַזוי זאָגען זיינע שלעכטע פּאַר־שטעהער. משה נאַדיר איז איינער פון די באַשטימטסטע. אַזוי זאָג איך. אין זיין שיינבאַרער אומבאַשטימטקייט פּאַרמאָגט משה נאַדיר אַ באַשטימטען ציעל : זיין פּערזענליכקייט. ווען נאַדיר וואָלט נישט פּאַרמאָגט קיין פּער־זענליכקייט, וואָלט ער דעם באַשטימטען ציעל נישט געהאַט. דעמאָלט וואָלט זיין וועג אַזוי געקרייזט נישט געווען.

פּאַראַן קינסטלער, וואָס מיידען נישט אויס די זומפּען אויף זייער וועג. ברענגען זיי אונז טאַקע אָן אַ פולע שטוב מיט בלאָטע. און אויב די זומפּען זיינען טויט־פּאַראורזאַכענדע, בלייבען זיי דאָרט שטעקען און מיר ווייסען נישט וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

פּאַראַן אויך אַזעלכע קינסטלער, מ'טרעפט זיי צווישען דיכטער, וואָס צייגען אַ בריה'שאַפט און „פליהען" אַריבער די זומפּען אויף זייער וועג. אַזאַ ליטעראַרישען פּראָדוקט רופען זיי אימפּרעסיאָניזם אָנשטאָט — גאָר־נישט. וואָס זשע טרעפט ? באַקומען זיי אַ בלאַסע אָפּבילדונג פון דעם, וואָס זיי האָבען „געזעהן", און האָבענדיג די טבע צוצוגעבען אייגענע בלאַסקייט, בלייבען מיר שוין אין גאַנצען בלינד צו דעם אמת.

משה נאַדיר האָט אָבער פּיינט בלאָטע. מייד ער אויס די זומפּיגע ערטער אויף זיין וועג. משה נאַדיר, ווי מיר ווייסען, האָט ליעב, אַז זיינע שיך זאָלען זיין פריש געפּוצט, בעת ער רעדט צו אונז וועגען בלאָטע. אויב זיינע קריטיקער פּיהלען זיך געשטערט אין זיין געגענוואַרט (און דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדליך) זאָלען זיי אויסשמירען זיינע שיך מיט בלאָטע : ער וועט דעמאָלט צו זיי שוין נישט קומען.

ד.

גיב נאָר אַ טראַכט ווי נאַריש און וואולגאַר עס זיינען מאַנכע מענשען
און זאָג מיר, אויב דו קאָנסט ריידען צו זיי שעהן און עדעל.
— ארטהור שאָפּענהויער.

# אוממאָראַלישקייט.

משה נאדיר האָט דערגאנגען די איינפאכע חכמה, אז דער גרויסער, מעכטיגער מענש פארמאָגט נאָר איין לעבען. דערפאר, למשל, קריכט ער נישט אין בלאָטע: ער ווייס, אז דערפון קאָן מען זיך פארקילען און פון א פארקילונג קאָן מען נאָך אוועק'פּטר'ן דאָס איינציגע שטיקעל לעבען.

אנדערע גלויבען, געוועהנליך, אז זיי פארמאָגען נאָך עטליכע לעבענס, אויסער דאָס אייגענס. זיי רופען דאָס, כלומר'שט, דאָס אידעאלע לעבען, אָדער די אידעאלע וועלט. לעבען זיי טאקע די צוגעטשעפעטע „לעבענס" און זייער אייגענס ליגט, בעת מעשה, אין דר'ערד.

אָבער דאָס איז נאָך נישט אלעס.

וואָרים אויב איהר לעבט נישט דאָס אייגענע, ריין־פּערזענליך לעבען, איז אקוראט ווי איהר וואָלט נישט געלעבט אויף אייערע אייגענע פארדינסטען. ווייל אזוי ווי דאָס אידעאלע לעבען קאָן מען געוועהנליך זעהר גרינג באקומען און אזוי ווי אין יענעם לעבען איז נישטאָ קיין פלייש און בלוט, וואָס זאָל אייך וועה טאָן, בעת איהר רייסט שטיקער דערפון, ווערט איהר, געוועהנליך, פארשווענדעריש אָדער פילאנטראָפּיש געשטימט: איהר רייסט אָפּ גאנצע שטיקער לעבען. — גאנצע שטיקער אידעאל — און שענקט אוועק דער מענשהייט.

אלזאָ, אזוי ווי מיר לעבען היינט אין א צייט פון לויטער אידעאלען, האָט זיך די אידעאליסטישע מגפה אזוי צעבונטעוועט, אז מ'האָט פשוט גע־מוזט אָננעמען געוויסע פאָרזיכט־מיטלען איינצוצוימען די אָרימע מענ־שען אין זייערע פארשווענדערישע נייגונגען. א חוץ דעם, ווען דאָס לעבען איז נישט קיין פיזיש, ריין־פּערזענליך לעבען, נור בלויז אן אידעאלעס, אן אויסגעטראכטעס, קאָן עס נאָך דער זינדיגער מענש לעבען לייכטזיניג און מיסברויכענד. האָט מען דאריבער, צו די אויסגעטראכטע „לעבענס" צוגעטראכט אלערליי פאָרמען פון מאָראל, עטיק און עסטעטיק.

ווען א מענש לעבט אָבער זיין אייגען לעבען, דאָס ריין־פיזישע, וואָס איז, אגב, אויך דאָס אידעאלסטע, דארף ער אויף כפרות די אלע פאָרמען פון מאָראל, עטיק און עסטעטיק. דער מענש וועט שוין דע־מאָלט במילא זיך באציהען שעהן און עהרליך. עס וועט זיך איהם לוינען,

ווייל ער וועט פיהלען, אַז דערמיט פאַרשעהנערט ער און דערהויפּט זיין אייגען לעבען, דאָס איינציגע וואָס ער פאַרמאָגט. דעמאָלט פאַרלירט שוין די מאָראַל און עטיק די פאָרם פון א רעלאַטיווען (אויסגעטראַכטען) באַגריף און נעמט אָן די אייגענשאַפט פון א פ אָ ז י ט י װ ע ן אינסטינקט. דער אינסטינקט וועט שוין דעמאָלט קאָנטראָלירען אייער לעבען און ד ע ר א י נ ס ט י נ ק ט א י ז ד אָ ס מ אָ ר א ל י ש ס ט ע, אפילו ווען ער באַוועגט אייך צו האַנדלונגען, וואָס די אידעאַלע (די אויסגעטראַכטע) האָבען אָנגענומען פאַר מיאוס.

משה נאַדיר ווערט באַטראַכט אין דעם ערשטען ליכט: אין דעם אי־דעאַלען, ס'הייסט, אין דעם אויסגעטראַכטען.

אונזערע האַלב־אינטעליגענטען (פרעגט מיך בעסער נישט אויף די גאַנצע) טראָגען זיך ארום מיט דעם נישט־אינטעליגענטען באַגריף, אַז גרוי־סע מענשען דאַרפען פיהרען דאָס אידעאַלע לעבען, אָדער, לויט מיין באַ־צייכנונג, דאָס אויסגעטראַכטע. נאַדיר'ן האַלטען זיי, פאַרשטעהט זיך, פאַר איינעם פון די גרויסע. משה נאַדיר איז אָבער פרימיטיוו און לעבט זיין א י י ג ע ן לעבען, דאָס איינציגע וואָס ער פאַרמאָגט. און דאָס אייגענע, ריין־פּערזענליך לעבען איז תמיד אין ווידערשפּרוך צו דאָס אויס־געטראַכטע, צו דאָס אידעאַלע. דערפאַר מוז, נעבאַך, משה נאַדיר אָפּט עובר זיין די מאָראַל און עטיק פון די אויסגעטראַכטע. נו, איז א חידוש וואָס ער איז אָפּט, כאָטש נישט דירעקט, באַצייכענט געוואָרען פאַר אומ־מאָראַליש?

משה נאַדיר איז נישט דער איינציג־געשטראָפטער.

דאָס טרעפט מיט א סך מענשען, וואָס קאָנען נישט אָדער ווילען נישט זיך מאַכען נאַריש און אָפּהיטען די צוגעטראַכטע כללים אין דעם אויס־געטראַכטען לעבען.

דאָס שטאַמט דערפון, וואָס די מערהייט אין אונזער צייט, לעבט נישט א ריין־וועזענטליך לעבען, נור א כלומר'שט־מאָדערנס, אַן אידעאַלעס, אָדער, לויט מיין אייגענער טערמינאָלאָגי, א ן א ו י ס ג ע ט ר א כ ט ס.

דערפאַר, אַז עס כאַפּט זיך אַרויס א פרימיטיוו, וואָס ווייס נישט פון קיין אויסגעטראַכטע „לעבענס", אָדער אַן אולטראַ־מאָדערן, וואָס האָט שוין די אַלע „לעבענס" אריבערגעוואַקסען און רעזיגנירט אין די קאַמערען פון עקסטרעמען אינדיווידואַליזם, האַלט ער, כלומר'שט, אין איין עובר זיין די מאָראַל און עטיק פון אונזער צייט.

ה.

# ווילדע רויזען

ווען משה נאַדיר'ס ביכעל „ווילדע רויזען" וואָלט געקומען אין די הענט פון אַ פרימיטיוו, וואָלט ער עס געלעזען מיט דער זעלבער געשפּאַנט־קייט אָדער גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכער די האַלב־אינטעליגענטע מאָ־דערניסטען לעזען די מאָראַלישע שריפטען פון טאָלסטאָי. דער געזונטער אינסטינקט פון יענעם פּראָסטען מענש וואָלט עס, העכסטענס, באַצייכענט מיט רעם נאָמען „לעבענס־טריי", פּונקט ווי דאָס „ווערטהע פּובליקום" באַ־צייכענט ליבינ'ס אָדער זאַלאַטאַרעפסקים אַ פּיעסע.

דער אולטראַ־מאָדערן, וואָס האָט שוין אַריבערגעשפּרייזט די פינ־סטערע רעגיאָנען פון אונזער „מאָדערניזם", וואָלט דאַרויף געקוקט, ווי אויף אַ פּאַרד׳נטען שפּיי אין פּנים די טויזענטער מיטעלמעסיגקייטען.

וואָס איז אָבער נאַדיר שולדיג, ווען די מיטעלמעסיגקייטען האָבען אין יענעם ביכעל די אייגענע מויל־פּליסיגקייט דערפיהלט? און וואָס איז ער ווידער שולדיג, ווען אַ טייל פון די דאָזיגע מיטעלמעסיגקייטען געפינען זיך, צופעליג, אין די אידישע רעדאַקציעס? עס איז, דאַריבער, געווען נאַטיר־ליך, אַז מ'זאָל אויף נאַדיר'ן אָנפאַלען און דעם אינהאַלט פון ביכעל אָנ־רופען פּאָרנאָגראַפי.

די פּאָרנאָגראַפיש־באַוואוסטע און פּאָרנאָגראַפי־באַשאַפענדע האָבען אינאיינעם מיט זיך, אויך דעם טערמין געפונען אין דעם ביכעל. האָט דען נאַדיר מעהר באַצוועקט?

לעזענדיג און הערענדיג די אָנפאַלען, האָב איך, אין האַרצען, גראַטולירט נאַדיר'ן פאַר דעם געוואונשטען ערפאָלג וואָס זיין ביכעל האָט געהאַט.

עס איז אויך פאַרשטענדליך. פאַרוואָס דאָס דאָזיגע ביכעל האָט צו די פאַרזעסענע מוידען און מענער־אימפּאָטענטען נישט געקאָנט אַפּעלירען. קלוגע אויף זייער אָרט, וואָלטען דעם אינהאַלט פון „ווילדע רויזען" אָנגע־נומען אַלס דעם איינציגען סטימולאַנט, וואָס איז נאָך פיליכט פאַרבליבען אויפצורייצען זייערע איינגעשלאָפענע בלוטען.

מ י ר זיינען די „ווילדע רויזען" גראַד יאָ געפעלען.

און געפעלען האָט מיר די פרייקייט, נו יאָ, מיינע כשר'ע מאָראַליס־טען, מיר האָט דאָרט געפעלען דאָס, וואָס איהר רופט, מיט אזוי פיעל גע־מאַכע רויטקייט אין אייערע פּנימ'ער, הפקרות. גלויבט מיר, אַז מיין גע־פיהל פון שעהנקייט שטעהט פּונקט אזוי הויך ווי אייערער און — ווי זאָגט ערגעץ אונזער קלוגער פּרץ — אויב נישט נאָך העכער.

זעהט איהר, גראַד נישט דאָס פּאָרנאָגראַפישע אין די „ווילדע רויזען"

האָט ביי מיר אויסגענומען. נישט, חלילה, דערפאַר, ווייל איך בין אַזאַ צדיק. איך האַלט סתם נישט פון געשריבענע פּאָרנאָגראַפי. אמת׳ע פּאָר־נאָגראַפי, האַלט איך, קאָן מען איבערהויפּט נישט אויפשרייבען, דאָס מוז מען אויפציייכנען און דערצו, ווי מיר ווייסען, איז משה נאַדיר דער־ווייל נאָך נישט פעהיג. משה נאַדיר, אויך מיר אַ פּאָרנאָגראַף! ווען ער וואָלט געווען אַן אמת׳ער פּאָרנאָגראַף, וואָלט ער געוואָרען אַ מאַהלער.

אין די „ווילדע רויזען“ איז מיר דוקא דאָס שעהנע געפעלען גע־וואָרען. ווער האָט אייך געהייסען קוקען אויף דאָס מיאוס׳ע? מיר האָט געפעלען דער שעהנער, זאַפטיגער סטיל פון משה נאַדיר. פאַרוואָס קוקט איהר נישט וואו מ׳דאַרף? ווען איהר, קאָלעגען, וואָלט פאַר־מאָגט אַזאַ גלענצענדען סטיל, וואָלט איך אייך שוין, גלויבט מיר, מוחל געווען אייערע נאַרישקייטען. ווען מען וואָלט מיך געלאָזט דעפינירען פּאָרנאָגראַפי, וואָלט איך דאָס סקאַרבאָווע, סטיללאָזע שרייבען אַזוי אָנגערופען. ווייל אויב ס׳איז אמת, ווי איהר זאָגט, אַז פּאָרנאָגראַפי מאַכט מיאוס פיהלען, פאַרזיכער איך אייך, אַז קיינער טוט עס נישט אַזוי געלונגען ווי איהר אין אייערע טאָגליכע און וואָכענטליכע בלעטער.

איך האַלט, אַז שרייבען שעהן איבער מיאוס׳ע זאַכען איז שעהנער איידער פאַרקערט. ס׳איז אפשר נישט בעסער, אָבער (גאָט, וואָס טרייבסטו מיך צו אַזוי פיעל שפּאַס?) ווער רעכענט זיך מיט אייער בא־גריף פון גוט און שלעכט, מ׳שטיינס געזאָגט?

אין דער ליטעראַטור, בפרט אין דער בעלעטריסטישער, זאָגט איהר דאָך אליין, איז נישט אַזוי וויכטיג איבער וואָס מ׳שרייבט, ווי דער שטייגער פון דעם שרייבען גופא. זאַכען בייטען נישט זייער ווערט אין דער האַנט פון קינסטלער. זיי ווערען ענטוועדער אביסעל צוגעפּוצט, אָדער אַביסעל — „פאַרקעהרט“. דער אינטערעסאַנטער קינסטלער טשע־פּעט בלויז צו דאָס זייניגע און דערמיט ווערט די זאַך פּיליייכט אביסעל אינטערעסאַנטער. מיר דאַרפען זיך אָבער נישט נאַרען: דאָס אינטערעסאַנטע איז דאָך בלויז דעם קינסטלער צו פאַרדאַנקען.

דאָס אינטערעסאַנטע, אין די „ווילדע רויזען“, איז, לויט מיין בליק, באַשטאַנען אין דעם, וואָס משה נאַדיר איז געווען דרייסט, אָדער אפשר פּשוט געגנוג, צו נעמען אין האַנט אַזעלכע טעמען, מיט וועלכע אונזערע פּראָפעסיאָנעלע שטערען־און־לבנה־אימפּאָרטירער וואָלטען זייערע הענט נישט באַ...דיכמעט. ווייטער זיינען דאָך געווען דאָרט די זעלבע זאַכען, פון וועלכע איהר זיינט, נעבאַך, אַזוי פאַרדאַמט באַוואוסט.

ז.

# מענשענפרעסער.

מערקווירדיג, עס האָט זיך אפילו נישט געפונען איינער, וואָס זאָל ארויסוואַרפען א גוט וואָרט וועגען משה נאדיר'ס „ווילדע רויזען". וואו זיינען אהינגעקומען יענע „אידיאָטען און איגנאָראַמוסען", וועמעס אנהענגערשאַפט צו משה נאדיר האָט ארויסגערופען אזוי פיעל גרימצאָרן ביי דעם קוילע־מיר־די־גענז־מענשען־פרעסער?

דער דאָזיגער פארשטעלטער שרייבער, (ער איז געווען פאָרזיכטיג זיין איינענעם נאָמען נישט חוזק צו מאַכען), האָט מיט דעם טערמין „אידיאָטען און איגנאָראַמוסען" געמיינט די אינטעליגענץ, וואָס בילדעט, לויט זיין מיינונג, דעם משה נאדיר־חסידיזם. ווייל איך איהם פארזיכערען, אז ביי אונז, אין אמעריקא, איז קיין אינטעליגענטער אידישער קרייז נישטאָ. לייַדער האָב איך זיך אין דעם שוין לאַנג דערוואוסט. ער פארשטעהט דאָך מסתּם אליין, אז ווען מיר וואָלטען פארמאָגט א באמת־אינטעליגענטע יוגענד, וואָלט זי געלאָזט הערען א שטים געגען אזעלכע מענשען־פרעסער.

אין אנדערע ליטעראַטורען איז נישט אזוי.

דאָרט, אז עס באווייזט זיך אזא „קראנקהאַפטע ערשיינונג", ווי משה נאדיר, געפינען זיך גענוג „קרענקס", וואָס רינגלען איהם ארום און באַשאַפען א שטיקעל עפענטליכע מיינונג צו זיין קרעדיט.

די אמעריקאַניש־אידישע יוגענד איז אָבער צו פארדאַמט־„אנשטענדיג" פאר אזעלכע זאכען. זיי פארמאָגען נישט גענוג רוקען ביין זיך אנטקעגענצושטעלען די פארשימעלטע פיינשמעקער פון דער אידישער גאַס. זייער ראדיקאַליזם ענדיגט זיך פונקט דאָרט, וואו דער אמת'ער הויבט זיך אָן. העכסטענס קאָנען זיי באקנעפלען זייערע לאַצען און באשניפּסלען זייערע העלזער מיט סמנים פון „ראדיקאַליזם". אין הארצען, און אין זייערע האַנדלונגען, מאַכען זיי קיינמאָל שלום מיט'ן אמת'ן ראדיקאַליזם.

דערפאר איז משה נאדיר עלענד אויף זיין וועג. דערפאר געלינגט אזעלכע „מענשענפרעסער" צו טרייבען זייער לעכערליכען שפּאָט־טאַנץ.

משה נאדיר'ס ווערט דאַרף באטראכט ווערען סעפּאַראַט. אזעלכע ווי דער „מענשענפרעסער" קאָנען אָבער נישט שעצען דעם ווערט פון א יחיד, סיידען ער רעפלעקטירט זיך אין א טייל פון דער מענגע. דאָס איז דערפאר, ווייל געוועהנליך געהערען אזעלכע אויך צו דער מענגע. שוין דערפאר גופא פארלירט דער „מענשענפרעסער" די מינדעסטע באַרעכטיגונג אויף אָריגינאַליטעט.

איך וויל נישט זאָגען, אז דער „מענשענפרעסער" האָט נאדיר'ן נישט פארשטאַנען. ער האָט איהם שוין גאָר פארשטאַנען, דערפאר די „אטאקע".

זיין אָנפאַל איז געווען אַן אומפאַרמיידליכע רעאַקציע, ווייל משה נאַדיר איז געמאַכט פון דעם מאַטעריאַל, וואָס מאַכט קורץ דעם אָטעם פון אַזעלכע ווי דער „מענשענפרעסער". קיינער וויל נישט שטאַרבען. אַ נאַטור־געזעץ.

דער „מענשענפרעסער" קאָן נישט פאַרליידען משה נאַדיר'ס פּלאַגיאַ־ריסטישע נייגונג. אמת: נאַדיר איז שוין צופיעל אָפען אין זיין פּלאַגיאַציע. ער לאָזט זי ממש אויפגעדעקט. אפשר טוט ער עס אומיסטען. כדאי זיך צו פאַרטראַכטען. דער „מענשענפרעסער" איז גערעכט: נישט אַזוי פּלאַ־גיאירט מען. מ'מאַכט עס מעהר פאַרשטעלט. דער „מענשענפרעסער" ווייס: ער רעדט פון ערפאַרונג, איאָ, קאָלעגע קעסנער?

לויט מיין מיינונג האָט אייגענטליך דער „מענשענפרעסער" גאָרנישט געהאַט צו משה נאַדיר'ס אָריגינאַליטעט. ער האָט בלויז געוואָלט ווייזען, אַז ער קאָן זיין אָריגינעלער און אַרונטערייסען דעם אָריגינעלסטען. דאָס אַלעס. ס'איז איהם אָבער נישט געלונגען. שוין דערפאַר אַליין, ווייל אָרי־גינעל טאָר מען נישט וועלען זיין. אויב מ'איז עס נישט פון דער נאַטור, וועלען אפילו צעהן משה נאַדירס אויך נישט העלפען.

זעהט, האָט דער „מענשענפרעסער" געלאַכט אין זשמעני, איך האָב גענוג חוצפּה אַרויסצוטרעטען געגען דעם חוצפּה'דיגסטען. אויב אַזוי, דאַרף ער דאָך זיין דאַנקבאַר צו משה נאַדיר פאַר דער געלעגענהייט וואָס ער האָט איהם געגעבען.

דעם „מענשענפרעסער" איז אויך נישט געפעלען משה נאַדיר'ס ליטע־ראַרישער שפּיל. ער איז גערעכט; ליטעראַטור איז אַ פאַרדאַמט ערנסטע זאַך: דערפון מאַכט מען אַ לעבען. איז אָבער משה נאַדיר אַ ליטעראַ־רישער לעדיג־געהער און דערצו איז אַמעריקאַ צו אינדוסטריעל. גלויבט אָבער נאַדיר, אַז אַרבייטען גרינג איז אויך אַ שווערע זאַך, בפרט ווען איהר דאַרפט עס טון צווישען שווער־אַרבייטענדע.

מאָגען־ליידענדע טאַטעס און נעוראַסטעניש מאַמעס קאָנען אויך נישט פאַרטראָגען דעם זאָרגלאָזען שפּיל פון זייערע קינדער. דאָס געזונטע, האַרציגע געלעכטער רעגט אויף די קראַנקע נערוועז. זיינען דען די קינדער שולדיג אין טאַטע־מאַמעס קראַנקהייט?

וואָס איז נאַדיר שולדיג ווען אַנדערע קומט אָן אַזוי שווער דאָס שריי־בען, אַז זיי מוזען אַזש באַלאַנגען צו אַ יוניאָן? אַלטע, פאַרזעסענע מוידען האָבען געוועהנליך דיזעלבע טבע: זיי קאָנען אויך נישט דולדען דעם ליידענשאַפטליכען פאַרבענשפּיל אויף די פּנים'ער פון זייערע יונגערע שוועס־טער. קיינער וויל נישט שטאַרבען. אַ נאַטור־געזעץ.

משה נאַדיר איז דאָס קינד אין דער אידישער ליטעראַטור.

און ווי אַלע קינדער וויל ער זיך שפּיעלען, לאַכען, — לאַכען האַרציג פון זיך, פון יענעם, פון אַלע. וואָס איז ער אָבער שולדיג ווען זיינע ליטע־

ראַרישע שוועסטער און ברידער זיינען אַלט, פאַרזעסען, אָפּגעלעבט? וואָס זאָל ער טון, ווען אין זיין „הויז" הערשט פינסטערער פאַנאַטיזם און ווען זיינע קאָנסערוואַטיווע מיט־וואוינער ווילען גאָר ער זאָל זיין פרום און גלאָצען מיט די אויגען? קאָן דען דאָס פרייע, קינדיש האַרץ אַזוי פיהלען?

משה נאַדיר איז דאָס קינד אין דער אידישער ליטעראַטור.

און ווי אַלע קינדער, דאַרף ער האָבען אַ סביבה, „קינדער"־געזעלשאַפט און אַ „שפּיל־אָרט" אויסצודריקען זיין קינדישען לוסט. וואָס זשע איז ער שולדיג, אַז זיינע קאָלעגען זיינען צו פאַרנומען מיט „מאַכען אַ לעבען" און קאָנען נישט זאָרגען פאַר זיין קינדישען באַגעהר? מוז ער זיך, אַלזאָ, באַגעהן אָהן סביבה, אָהן אַ שפּיל־אָרט, אָהן געזעלשאַפט.

און אַז דאָס קינד האָט נישט וואָס דאָס קינדיש האַרץ גלוסט, ווערט עס פאַרביטערט, פּעסימיסטיש, שלעכט.

איז משה נאַדיר שלעכט געוואָרען, און פּעסימיסטיש, און פאַרביטערט.

וואָס זשע זאָל משה נאַדיר טון מיט זיין צאָרן? טוט ער ווי אַלע קינדער: ער גיסט אויס זיין צאָרן אויף די, וואָס האָבען איהם געבראַכט דערצו.

איז דאָך משה נאַדיר דאָס קינד אין דער אידישער ליטעראַטור. טוט ער דאָס אויף זיין קינדיש, זאָרגלאָז־לוסטיגען שטייגער. קומט אַרויס זיין צאָרן אַ לאַכעדיגער, אַ האַרציגער, און זיין געלעכטער אַ צאָרנדיגער, אַ פאַר־ביטערטער. און אַז דער צאָרן איז אַ לאַכעדיגער, שנייד ער טיפער. קאָנען עס זיינע קאָלעגען נישט פאַרליידען, נישט אַריבערטראָגען. גיסט זיך צונויף דער צאָרן פון די שוועסטער און ברידער און דערפון קומט אַרויס אַ „מענשען־פרעסער".

אַז איך טראַכט אַזוי, קריג איך רחמנות אויף דעם אָרימען „מענשען־פרעסער". וואָס איז ער, נעבאַך, שולדיג ווען אויף איהם איז אויסגעפאַלען דער גורל איינצוצווימען זיין צולאָזענעם ברודער? ווי אַזוי קאָן מען איהם באַשולדיגען פאַר זיין גאַל און צאָרן, ווען דאָס איז אַזוי נאַטירליך, אַזוי מענשליך!

„אידיאָטען און איגנאָראַמוסען" האָט דער ביטערער צאָרן פון איהם אַרויסגעשריען! ווי שרעקליך! ווי האַרצרייסענד! ווי טראַגיש!

אידיאָט און איגנאָראַמוס זיינען טאַקע שטאַרקע ווערטער, אָבער וו־אָ־ס העלפט דאָס, ווען דער אמת'ער אידיאָט און איגנאָראַמוס פאַר־שטעהט זיי גאָר נישט און ווען דער אמת'ער אינטעליגענט וויים, אַז דאָס מיינט מען איהם נישט?

און די אמת'ע אנהענגער פון משה נאַדיר זיינען פאַרבליבען קאַלט צו זיין צאָרנדיגען וועה־געשריי. משה נאַדיר'ס אנהענגער זיינען נישט קיין אידיאָטען, אויך נישט קיין אינטעליגענטען: די ערשטע לעזען איהם נישט און די לעצטע זיינען נישטאָ.

ז.

# אַנהענגער

יאַ, ליידער פאַרמאָגט נאַדיר אַ סך אנהענגער. דאָס איז פּיליכט דאָס איינציגע, וואָס מיר געפעלט נישט אין דער ספערע פון זיין שאַפען. איך טרייסט מיך אָבער מיט דעם, וואָס איך ווייס, אַז זיי זיינען די לעצטע איהם צו פאַרשטעהן.

משה נאַדיר ווערט פון זיינע אנהענגער אַלס קוריאָז באַטראַכט. שוין דערפאַר גופא קאָנען זיי איהם קיין אמת'ע אנהענגער נישט זיין. דער אמת'ער אנהענגער איז דער, ביי וועמען דער סוביעקט פון זיין אנהענגער־שאַפט קוקט אויס נ א ט י ר ל י ך.

משה נאַדיר איז באַליבט ביי זיינע אָנהענגער, אפשר פאַרגעטערט. אַך, ווי באַדוירענד! פאַרגעטערונג איז דער קלאָרסטער אויסדרוק פון אומ־פאַרשטענדליכקייט. ווען גאָט וואָלט פון די מענשען פאַרשטאַנען געוואָרען, וואָלט ער שוין זייער גאָט נישט געקאָנט זיין.

משה נאַדיר'ס אנהענגער פאַרשטעהען, אַלזאָ, נישט משה נאַדיר'ן.

און איידער האָבען אַזעלכע אנהענגער, איז שוין גלייכער געגנער. דער געגנער פאַרלאַכט דיך, האָט ער כאָטש אמאָל אַ גרונד פאַר זיין פאַרלאַכונג. אָבער דער בלינדער אנהענגער איז ענטוועדער אַ נאַר, אָדער סתם אַן אוואַנ־טוריסט, וועמעס אנהענגערשאַפט מ'קאָן באַקומען מיט דעם מינדעסטען שטיקעל שוואַרץ־קונץ.

אַך, ווי מיר וועהטאָגט דאָס האַרץ פאַר דיר, משה נאַדיר, וואָס דו ביזט אַ קוריאָז פאַר דיינע אנהענגער, אנשטאַט אַ נאַטירליכע ערשיינונג!

איך בין נישט דיין אָנהענגער, (ביזט דאָך פאַר מיר אַזוי נאַטירליך!) אָבער איך פיהל, אַז קוים קאָנסטו דיינע אנהענגער, וועהטאָנען זיי דיך פיעל מעהר איידער דיינע געגנער.

איך טראַכט: משה נאַדיר אַ קוריאָז! ווי קוריאָז דאָס איז! ווי טראַגיש!

משה נאַדיר אַ פאַרגעטערטער! ווי לעכערליך דאָס איז! ווי מענשליך!

ווען דעם שוואַרץ־קינצלער געלינגט נישט זיין קונץ, איז ער אין געפאַר מיט זיין לעבען. נאַראָנים פאַרשטעהען נישט, אַז אַ שוואַרץ־קינצלער איז אויך מענשליך. אַ מענש איז דער, וועמען עס געלינגט נישט אמאָל. די נאַטור, באַשאַפענדיג דאָס אומגעלונגענסטע, דעם מענש, האָט דאָס שוין לאַנג באַוויזען.

איך האָב ליב דעם שוואַרץ־קינצלער, וועמען עס געלינגט נישט אמאָל.

דעמאָלט ווייס איך, ער איז מענשליך. דעמאָלט ווייס איך, ער איז עהרליך צו מיר. האָב אָבער פיינט דעם שווארץ־קינצלער, וועמען עס געלינגט תמיד. דעמאָלט ווייס איך, ער איז א נידערטרעכטיגער ליגנער, וואָס האָט זיין ליגען צו א קונסט דערהויבען און האלט מיך אין איין נארען.

דיר, נאדיר, געלינגט אויך נישט אמאָל. האָב דיך אָבער ליב, ווייל איך פיהל, אז דערמיט ביזטו מענשליך.

די איגנאָראנטע „מענשענפרעסער" האָבען דיך פיינט. ווייסטו פאר־וואָס? ווייל זיי האלטען דיך פאר א קוריאָז, פאר א שווארץ־קינצלער.

אין קאָנטראסט צו דעם ליגנערישען שווארץ־קינצלער, האָסטו די אומגע־לונגענהייט צו א קונסט דערהויבען. און איך האָב דיך ליב, ווייל איך ווייס, אז דערמיט ביזטו אויפריכטיג־מענשליך און אז דו האָסט דאָס מענש־ליכע דערהויבען.

נאדיר! ביזט דער בעסטער אויסדרוק פון דאָס נאקעט־מענשליכע! און איך האָב דיך טויזענד מאָל מעהר ליב, ווייל דאָס נאקעט־מענשליכע איז אויך ביי דיר נאקעט. אָט פארוואָס מען האָט דיך פיינט! אָט פאר־וואס מען האָט דיך ליב!

ערגער זיך נישט, נאדיר. די „מענשענפרעסער" ט אָ ר ע ן דיך נישט ליב האָבען! קאָנען זיי דען?

זעה, נאדיר: דאָס זיינען דאָך צוגעדעקטע מענשען, וואָס האָבען, אין קאָנטראסט צו דיר, דאָס מענשליך־צוגע־עקטע צו א קונסט דערהויבען. זיי הומט פארגעבונג. איך בעט דיך, גיב עס זיי.

אויב איך פארגעמער דיך? פארוואָס? בין איך דען נישט גענוג מאָדערן דיך צו פארשטעהן און נישט גענוג פרימיטיוו דיך צו פיהלען?

האָב איבערהויפט פיינט געטער. דאָס זיינען קאפּעלושען אויף די קעפּ פון נאראָנים, און קאפּעלושען, ווי דו ווייסט מסתם, האָבען די אויפגאבע נישט צוצולאָזען די ווארימקייט פון דער זון און די שיין פון ליכט.

איך שרעק זיך פאר דיינע אנהענגער, נאדיר! מיר ציטערט דאָס הארץ! איך ווייס, אז זיי שעצען אין דיר דעם קוריאָז. און כל זמן דו וועכט זיי האָרעווען מיט קוריאָזען אָדער האלב־קוריאָזען, וועלען זיי דיינע אנהענגער פארבלייבען. טאָמער וועלען זיי אין דיר דאָס ריין־מענשליכע דערזעהן, דאָס איינציגע וואָס דו פארמאָגסט, זאָל גאָט היטען! ניין, איך שפּאָס נישט, נאדיר! געדענק: דעמאָלט וועסטו פארלאכט און אויס־געפּאטשט ווערען מיט די זעלבע חכמות, מיט וועלכע דו האָסט אזא צייט זייערע מוחות געקיבעלט.

גאָט, זיי וועלען נאָך אַלע „מענשענפרעסער" ווערען.

איך האָף אָבער, אז ביז דעמאָלט, וועסטו דיינע אנהענגער פארלירען.

ח.

מיט נאראָנים טאָר מען שפּאַס נישט טרייבען:
זיי נעמען דאָס ערנסט.

# סוקסעס.

משה נאדיר איז געוואָרען א דראמאטורג.

אזוי זאָגען זיינע געגנער. דער אמת איז, אז א דראמאטורג האָבען זיי איהם געמאכט, כדי צו קאָנען איהם אויפווארפען חסרונות, וועלכע נאדיר האָט קיינמאָל נישט באטראכט פאַר מעלות.

משה נאדיר האָט אָנגעשריבען א דראמא.

אזוי זאָגען זיינע אנהעננגער. זיינען די אנהעננגער אנטוישט געוואָרען: די דראמא האלט נישט אויס די אָנגענומענע כללים פון דראמאטורגי. אזוי, דאכט זיך, געפעלט זיי די זאך, אָבער וואָס טויג עס, ווען די דראמאטישע כללים זיינען נישטאָ. אנהעננגער' וועלען אייך אלץ מוחל זיין, אָבער נישט קיין כללים. דאָס איז נאטירליך, ווייל דער אנהעננגער, „אלס אזעלכער", איז אויך נישט מעהר ווי א כלל. א פּראָדוקט פון ציוויליזאציע.

ווען די ליטעראטור וואָלט קיין כללים נישט פארמאָגט, וואָלטען זיך געווען בלויז אמת'ע קינסטלער געווען. דער כלל, אין דער ליטעראטור, מאכט אָבער מעגליך, אז יעדער פלאך־קאָפּ, וואָס האָט געגוג שכל זיך אויסצולערנען די כללים, זאָל ווערען א ליטעראט. דערפאר פארמאָגט די וועלט א סך ליטעראטען און ווייניג קינסטלער.

א געוויסער דיכטער האָט מיר אמאָל געזאָגט, אז איך באזיץ א וואונדערבאַרע טעכניק און אז איך האלט אויס אלע כללים פון דיכטונג. דער פאקט איז, אז עד היום קאָן איך נאָך קיין גוטע ליד נישט אָנשרייבען. מעגליך אז דאָס קומט דערפון, וואָס ער האָט געהאט א ווירקונג אויף מיר און איך האָב זיך אין גאנצען געווידמעט דער טעכניק און אזוי ארום דערשטיקט די שטימונג.

א רעדאקטאָר האָט מיר טאקע אמאָל געזאָגט, אז מיין ליד איז טעכניש וואונדערבאַר אויסגעהאלטען, עס פעהלט אָבער שטימונג. דאָך האָט ער מיין ליד געדרוקט. הפּנים טעכניק פארנעמט פאָרט דעם אויבען־אָן אין אונזער ליטעראטור. איצט וועל איך שוין מסתם פאַר א לאנגע צייט קיין גוטע לידער נישט קאָנען שרייבען, סיידען איך וועל זיך אָביסעל באפרייען פון מיין וואונדערבארע טעכניק.

משה נאדיר איז א דראמאטורג נ י ש ט געוואָרען.

אזוי זאָג איך. ער האָט, לויט מיין מיינונג, אויך קיין דראמא נישט

אָנגעשריבען. ער האָט בלויז אָנגעשריבען א ז א ך מ י ט א ג ע־ב י ט ע נ ע ר פ אָ ר ם. פאָרמען ווערען געביטען ווען דער שרייבער געפינט פאר נויטיג. דאָס איז דעם שרייבער׳ס פריווילעגיע. די דאָזיגע פריווילעגיע איז אַלט ווי די וועלט־ליטעראטור.

ווען פלאטאָ האָט אָנגעשריבען זיין „פעדראָ״, האָט ער אויך קיין דראמאַ דערמיט נישט געשאַפען, הגם דאָס ווערק איז געשריבען אין דער פאָרם פון א קאָלעגיום־שמועס. מען האָט אָבער פלאטאָ׳ן נישט אויפגעוואָרפען, אז ער איז א שלעכטער דראמאטורג.

דאָס איז דערפאר, ווייל די מענשען אין זיין צייט זיינען געווען מעהר פרימיטיוו, אפשר אור־פרימיטיוו. דעם אור־פרימיטיוו קאָן מען מיט קיין כללים נישט פאררדרעהען א קאָפ — ער זוכט דעם תוך. תוך איז אור־פרימיטיוו, אולטרא־מאָדערן. אזוי האָט מען געקוקט אויף זאכען, אזוי ו ו ע ט מען קוקען. אויב איהר ווילט ־וקא א כלל, אָט האָט איהר איהם: פיהר אריין דעם כלל דורך דער טיר און דער תוך וועט ארויספליהען דורך דעם פענסטער.

ס׳איז נישט קיין חידוש, וואָס די מאָדערנע געלעהרטע גריבלען זיך אין די אַלטע ספרים ווען זיי ווילען א תוך דערגעהן. דאָס ביסעל פרימי־טיוועס, וואָס איז אין זיי פארבליבען, ווייזט זיי דעם ריכטיגען וועג.

משה נאדיר איז אָדער אור־פרימיטיוו, אָדער אולטרא־מאָדערן. אין דער מיט שטעהן די מיטעלמעסיגקייטען.

די מיטעלמעסיגקייט איז דער היינט, אָבער נאָר דער ה י י נ ט י־ג ע ר. משה נאדיר׳ס געהערען צום ת מ י ד ׳ י ג ע ן היינט. דאָס היינטיגע אין משה נאדיר איז די שפראך, דער סטיל, די טעמא, אָדער, ווי איך האָב פריהער געזאָגט, דער אויסרייד, דער תירוץ. דאָס ת מ י ד׳י ג ע אין משה נאדיר, איז די גרעסטע פון אַלע זיינע טעמאס: זיין פערזענליכ־קייט! אזעלכע טעמאס שטעהען אָבער צו ווייט פאר גייסטיג־קורצזיכטיגע.

צו די גייסטיג־קורצזיכטיגע אז מען וויל קומען, מוז מען זיך קליידען אין שפראך, סטיל, טעמאס, אַלערליי תירוצים, א נישט דערקאָנען זיי אייך נישט.

דאָס דערמאָנט מיך אין משה נאדיר׳ס אַן אפאָריזם, אז רויטע הויזען מאַכען דעם מענש פאר א פראנצויז און בלויע — פאר א דייטש.

און אז די מענשען ווערען דערצאָרנט, נאציאָנאַל־אויפגעטראגען, שיסען זיי נישט דעם מענש, נאָר דעם אינהאַלט פון די אָדער יענע הויזען. טרעפען זיי טאַקע אָפט זייער אייגענעם ברודער. ווייל ס׳קאָן דאך זיין, אז נישט האָבענדיג קיין אייגענע, האָט ער געמוזט אָנטאָן פרעמדע הויזען, און דאָס אין אונזער צייט, איז שוין גענוג גרונד באטראכט צו ווערען אלס שונא.

אז די פערזענליכקייט טוט זיך שוין אָן אין די אַלע שפראך און סטיל־

תּירוצים, דערקאָנען די מיטעלמעסיגקייטען סאַי ווי נישט מעהר ווי דאָס דרויסענדיגע. די פּערזענליכקט בלייבט אַלץ פרעמד צו זיי. הפּנים דערצו איז די מיטעלמעסיגקייט נישט מסוגל.

און אַז די מיטעלמעסיגע פאַרשטעהען דיך נישט, ווערען זיי נישט אין כעס אויף זיך, נאָר אויף דיר. דאָ האָט איהר ווידער אַ כּלל פון מיטעל־מעסיגקייט.

נו, איז אַ חידוש וואָס אַזוי פיעל וואונדערבאַרע פּערזענליכקייטען האָבען געענדיגט זייערע לעבענס אונטער דער גילאָטינע, אָדער אין די פאַר־צעהרענדע פלאַמען פון שייטערהויפען? הפּנים אַז מיטעלמעסיגקייטען זיינען תּמיד געווען. מסתּם אַ נאַטור־געזעץ.

די היינטיג־ציוויליזירטע מיטעלמעסיגקייטען באַנוצען שוין נישט דעם שייטערהויפען. הפּנים ווייל ס'איז נישט קיין מאָדערנע איינריכטונג. אין הארצען אָבער, אין דעם פּרימיטיוון קאַמער, באַדויערן זיי מסתּם, וואָס דער דאָזיגער מנהג איז אָפּגעשאַפט געוואָרען.

האָט מען שטירנער'ן בלויז אויסגעלאַכט. האָט מען איהם פּאַרפּאַקט אויף עטליכע צעהנדליג יאָהר אין אַ ארכיוו און געהאַפט, אַז ער וועט דאָרט פאַרשימעלט ווערען. אַ מאָדערנע גילאָטינע. האָט אָבער מאַקס שטירנער אויף זיך קיין שימעל נישט אָנגעקליבען. ער האָט בלויז איבערגעוואַרט דעם שימעל פון די מיטעלמעסיגקייטען פון זיין צייט. דאָס איז מסתּם אויך אַ נאַטור־געזעץ.

די אידיש־אַמעריקאַנישע מיטעלמעסיגקייטען זיינען אָבער צו פיעל באַשעפטיגט מיט מאַכען אַ לעבען. זיי קאָנען זיך דאַריבער נישט פאַרגינען דעם לוקסוס פון ברענגען אָפּט זייערע פּערזענליכקייטען אויפ'ן שייטער־הויפען.

מיטעלמעסיגקייטען אַרבייטען געוועהנליך שווער. זיי מוזען דאַריבער האָבען רעקרעאַציע. און עס איז שוין אַזאַ כּלל ביי זיי, אַז בעת זיי רוהען, האָבען זיי ליב צו סטימולירען זייערע נערוועץ מיט לייכט־קלוגע נאַריש־קייטען. פון די שווערע, טעגליכע נאַרישקייטען זיינען זיי מיד.

אין אַזאַ פאַל נעמען זיי געוועהנליך אַ בוך אין האַנד און לעזען. האָט זיך ביי זיי אויסגעאַרבייט אַ פאָדערונג אויף ליטעראַטור. האָבען זיך געפּו־נען אַנדערע מיטעלמעסיגקייטען וואָס, פאַרמאָגענדיג אַביסעל מעהר שכל און אַביסעל וועניגער עהרליכקייט, האָבען זיך אויסגעלערנט די נויטיגע כּללים און באַפרידיגט דעם לעז־דורשט פון זייערע שוועסטער און ברידער.

איצט פאַרמאָגען די מיטעלמעסיגע זייער ליטעראַטור און דער מיטעל־מעסיגער ליטעראַט — זיין לעזער. האָבען מיר הונדערט פּראָצענט ציווי־ליזאַציע.

לאָמיר אָבער נישט פאַרגעסען, אַז דער היינטיג־ציוויליזירטער מענש

איז, אויסער מאָדערן, אויך מענשליך. אמת, דאָס ריין־מענשליכע טשעפּעט איהם זעלטען, אָבער עס טשעפּעט פּאָרט. און אז דאָס ריין־מענשליכע טשעפּעט, טשעפּעט עס נישט אויף א מאָדערנעם אופן, נאָר דוקא אויף א גאַנץ פּרימיטיוון. דערפיהלט, אלזאָ, דער מענש אז ער פּארמאָגט אינ־סטינקטען און דערפון דערוואוסט ער זיך, אז ער פּאַרמאָגט געפיהלען. און אז דער מענש ווערט פּרימיטיוו־געשטימט, ס'הייסט געפיהלפול, דערמאָנט ער זיך ערשט אז ער איז א מענש. דאָס איז די צייט ווען דער מענש ווערט אומעטיג. אינאיינעם מיט דאָס מענשליך־אומעטיגע, קומט אויך זיין שטאַרקסטער געפיהל: דער שרעק פון טויט! הויבט דער מענש אן טראַכ־טען פון זיין נישטיגקייט, פון זיין צוועקלאָזער עקזיסטענץ. ווערט די מיטעלמעסיגקייט אין א פילאָזאָף פּאַרוואַנדעלט, ווייל דער פילאָזאָף טראַכט אויך דערפון. נישט מעהר, דער מיטעלמעסיגער טוט עס זעלטען, בעת דער פילאָזאָף — תמיד.

וואָס זשע זאָל דער אָרים־מיטעלמעסיגער מענש דעמאָלט טון? נעמט ער זוכען דערלייזונג. וואו זאָל ער אָבער זיין דערלייזונג זוכען? פאַר־שטעהט זיך, אז ער געהט צו זיינע ווניגער מיטעלמעסיגע ברידער: צו זיינע דענקער, דיכטער און פילאָזאָפען.

נעמען זיך די אָרימע מענשען גריבלען אין די ווערק פון זייערע דער־לייזער. אָבער אך! זיי געפינען דאָרט דעם זעלבען וועה־געשריי וואָס זייערן.

אין אזאַ צייט איז אָבער דער מענש, אפילו דער מיטעלמעסיגער, קריטיש געשטימט. דערפיהלט די מיטעלמעסיגקייט דאָס לעדיגע און טרוקענע פון די, וועמען ער האָט די גאַנצע צייט פאַר זיינע דערלייזער געהאַלטען.

גאָט, ער ווערט געשמיסען מיט דער אייגענער בייטש!

וואָרים ער געפינט ביי זיי שפּראַך, סטיל, טעמאַס, אָבער נישט מעהר. ער געפינט דאָרט אַלערליי טערמינען אין כללים — שונאים פון מענשליכען געפיהל — ער געפינט אָבער גאָרנישט מעהר. און וואָס איז דער חידוש? זיינע דערלייזער זיינען דאָך אויך נישט פיעל ווניגער מיטעלמעסיג פון איהם.

ווערט די אָרימע מיטעלמעסיגקייט פאַרצווייפעלט. לאָזט ער זיך אוועק מיט א ווילדען האַרץ־געשריי און באַקומט נאָך א קנייטש אויף זיין פּנים.

אָבער דערלייזונג פעהלט איהם פאָרט. און אז דער מענש קאָן עס נישט באַקומען אויף א נאַטירליכען אופן, נעמט ער עס זוכען אויף אַן „אומנאַטירליכען". דאָס איז די צייט, ווען דער מענש ווערט איבערגלויי־בעריש געשטימט. דערמאָנט ער זיך אָן אָפּשפּרעכער, אָן מכשפים. אָבער דער מכשף קאָן דערצו גאָרנישט העלפען. דערמאָנט זיך דער מענש אָן אַלץ, וואָס ער האָט ביז דעמאָלט געהאַלטען פאַר אומנאַטירליך.

קומט איהם אַנטקעגען א קוריאָז!

ער פאַרשטעהט נישט דעם קוריאָז, דער קוריאָז צוטומעלט איהם אָבער און דאָס ווירקט גוט אויף זיינע אָנגעשטרענגטע נערוועז. האַלט ער זיך אָן דעם קוריאָז. איהם געפעלט די מאָדנעקייט, די אַנדערשקייט פון דעם קוריאָז. אַ חוץ דעם געפעלט ער איהם שוין דערפאַר גופא, ווייל ער איז נישט ווי די איבריגע, און וועמעס דערלייזונג־כח ער האָט זיך אַזוי ביטער אַנטוישט. קריגט ער איהם ליעב. פאַרגעטערט ער איהם. ווערט ער זיין אַנהענגער.

איז דאָך דער „קוריאָז" אויך אַ נאַטירליכע ערשיינונג, ווייל קיין אומ־נאַטירליכעס איז נישטאָ. האָט ער אויף זיין צער, זיין בענקשאַפט. זוכט ער אויך דערלייזונג. זוכט ער דאָס אין זיין אייגענעם שאַפען, אויף זיין אייגענעם שטייגער. דער מיטעלמעסיגער מענש געהט נאָך זיין קוריאָז און, אינאיינעם מיט איהם, זוכט ער זיין אייגענע דערלייזונג. געפעלט איהם דער שפּיל. טריפט דער קוריאָז מיט ביטערען גאַל און זיין אַנהענגער האָט דערפון הנאה. טרייסעלט ער אָפּ די גאַל און אונטערהאַלט זיך מיט דעם שפּיל. געהען זיי צוזאַמען. דער ערשטער, פאַרביטערט מיט זיין גאַל, דער לעצטער — לוסטיג אין דעם שפּיל.

פּלוצים געשעהט עפּעס נאַטירליכעס: דער קוריאָז האָט זיך צו זיין אַנהענגער אַלס מענש אַנטפּלעקט! דער לעצטער ווערט אַנטוישט, דער ערשטער פיהלט זיך דערלייזט. דער אַנהענגער געפינט זיין אַנטוישונג אין דעם באַוואוסטזיין, אַז זיין קוריאָז איז מענשליך, דער קוריאָז געפינט אין דעם זיין דערלייזונג־גליק.

משה נאַדיר, זיינע אַנהענגער אין נעגנער.

משה נאַדיר האָט זיך צו זיינע אַנהענגער אַלס מענש אַנטפּלעקט: ער האָט אָנגעשריבען אַ דראַמאַ. אַזוי דערקען זיינע אַנהענגער. זיינען משה נאַדיר'ס אַנהענגער אַנטוישט געוואָרען: די דראַמאַ האַלט נישט אויס די אָנגענומענע כללים פון דראַמאַטורגיע.

נאַדיר'ס אַנהענגער האָבען גערעכענט, אַז ווען נאַדיר, דער קוריאָז, וועט אָנשרייבען אַ דראַמאַ, וועט זי געוויס זיין בעסער פון אַלע אַנדערע. זיינען זיי אַנטוישט געוואָרען. האָבען זיי נישט באַדאַרפט האָבען אַזאַ ערוואַרטונג. אַ קוריאָז קאָן נישט טון דאָס, וואַס אַלע טוען.

איז זיי די זאַך שוין ווידער קוריאָז: אַזוי דאַכט זיך געפעלט זיי די זאַך, זי האַלט אָבער נישט אויס די טעכנישע כללים. און אַליין איז מען דאָך אַ מיטעלמעסיגקייט, כאָטש אַן אַנהענגער פון משה נאַדיר, און זייענדיג אַ מיטעלמעסיגקייט, ווערט מען נאַטירליך באַאיינפלוסט פון די פעדער־מיטעלמעסיגקייטען, וועלכע צוליב ריין־טעכנישע און אומריין־מענשליכע סבות, שרייען אַז די דראַמאַ איז קיין דראַמאַ נישט.

נאַדיר, דער קריטיקער, דער פיין־פיהלענדער סאַטיריקער, וועט זיי שוין

ווייזען ווי אויפצושרייבען א דראמא. אזוי האָבען זיך באריהמט זיינע אנהענגער. אָבער אז זיי האָבען געזעהן משה נאדיר׳ס „סוקסעס״, האָבען זיי ארונטערגעלאָזען די קעפּ און געשעהמט צו ווייזען ס׳פּנים פאר פריי- און באקאנטע.

אַלע שרייען, און אביסעל פיהלען זיי אויך, אז נאַדיר׳ס „סוקסעס״ האָט געליטען א גרויסען דורכפאל. הייגט, אז נאַדיר איז דורכגעפאלען, פיהלען זיך זיינע אנהענגער אויך אזוי. דאָס איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר דער מיטעלמעסיגקייט, ווייל דער מיטעלמעסיגער מענש האָט א טבע אָנצו־טשעפּען זיין ערפאָלג אָן דעם ערפאָלג פון א צווייטען. משה נאַדיר׳ס „דראַמאַטישער דורכפאל״ איז, אלזאָ, זייער נאטירליכע שטראָף.

האָבען זיך נאַדיר׳ס אָנהענגער צולאָפען אין די ווינקלען. זיי פיהלען, אז משה נאַדיר׳ס דורכפאל האָט ז י י געמאכט פאר א דורכפאל. נאַדיר איז געבליבען דער זעלבער, גלויבט עס מיר!

שוין דערפאר גופא איז נאדיר נישט דורכגעפאלען, ווייל ער האָט זיך קיינמאל נישט פארגענומען נ י ש ט דורכצופאלען. זיינע אנהענגער האָבען זיך יא דאָס פאָרגענומען, דערפאר זייער דורכפאל. ערפאָלג איז דעם מיטעל־מעסיגענס פארמעגען. פארמעגען קלייבט מען אָן פון די, וואָס פארלירען עס; דערפאר מוזען די ערפאָלגרייכע מיטעלמעסיגקייטען ליידען אָפט א דורכפאל.

די פערזענליכקייט זוכט נישט קיין ערפאָלג. פערזענליכקייט גופא איז ערפאָלג. דערפאר קאָן א פערזענליכקייט נישט ליידען קיין דורכפאל. בלויז די מיטעלמעסיגע דענקען אנדערש. א חוץ דעם, קאָן די פערזענ־ליכקייט נישט דולדען דעם פארמעגען פון ערפאָלג שוין דערפאר גופא, ווייל מען דארף דאָס אָנקלייבען פון די מיטעלמעסיגע. קיין זאך מאכט דאריבער נישט אזוי אָרים די פערזענליכקייט, ווי ערפאָלג.

משה נאַדיר איז געוואָרען א דראמאטורג.

אַזוי זאָגען זיינע געגנער. דער אמת איז, אז א דראמאטורג האָבען זיי איהם געמאכט. ווען די קריטיקער וואָלטען נאַדיר׳ן פאר א דראמאטורג נישט געמאכט, וואָלטען זיי נישט באשאפען די מעגליכקייט ארויסצעווייזען זייער מיניאטור־גייסט. זיי האָבען דאָס אָבער ג ע מ ו ז ט טון, ווייל די נאטור האָט געוויסע באשטימונגען, לויט וועלכע יעדער מענש מוז, פריהער אָדער שפּעטער, קומען צו זעלבסט־אויסדרוק. דער אמת מוז זיגען, אפילו ווען ער דארף קומען דורך דעם מויל פון א ליגנער.

נאַדיר׳ס קריטיקער זאָגען, אז אזוי האָבען זיי צו איהם גאָרנישט, (ס׳רעדט זיך אזוי) אָבער ווער האָט איהם געהייסען טשעפּען די דראמא? דראמען, טענה׳ן זיי, זאָלען שרייבען אַזעלכע וואָס קאָנען, אַזעלכע וואָס דארפען. האָט דאָך משה נאַדיר טאקע דאָס געטאָן. ער האָט דען געטשע־

פּעט אייער דראַמאַ? איהר זאָגט דאָך אַליין, אַז דאָס איז קיין דראַמאַ נישט.

קריטיקער! איהר האָט זיך פאַרפּלאָנטערט! ווען איהר וואָלט געווען אויפריכטיג, וואָלט איהר דאָס צוגעגעבען. אָבער אנטשולדיגט! איך פאַר־לאַנג שוין אַביסעל צו פיעל פון אייך: קיינער וויל נישט אויפגעבען זיין פּרנסה. בּאַרדאָן!

ווייסט איהר אָבער ווער עס זיינען די אמת'ע דראַמאַטורגען פון נאַדיר'ס „סוקסעס"? איהר! ווייל איהר האָט זיין זאַך פאַר א דראַמאַ געמאַכט.

משה נאַדיר האָט אָנגעשריבען א זאַך מיט א געביטע־נער פאָרם. האָט ער נישט געלעגט פיעל געוויכט אויף דער פאָרם. דראַמאַטישע פאָרם איז אַלגעמיין. דער סוביעקטיווער מענש לעגט נישט פיעל געוויכט אויף אַלגעמיינעם. משה נאַדיר איז סוביעקטיוו.

איהר זייט אָביעקטיוו, דערפאַר קריטיקער. אייגענס פאַרמאָגט איהר נישט, לעגט איהר געוויכט אויף פרעמד'ס און טומעלט זיך אַרום דעם. און אַז נאַדיר האָט אָנגעשריבען זיין „סוקסעס", האָט איהר נישט געזוכט אין דעם דאָס נאַדירישע (דאָס סוביעקטיווע), נאָר די דראַמאַטישע טעכניק (דאָס אָביעקטיווע) האָט איהר אָנגערופען נאַדיר'ס זאַך דראַמאַ. פאַרמאָגט איהר דאָך אָבער ווייניג זכרון און נאָך ווייניגער לאָגיק; האָט איהר דאַריי־בער גלייך פאַרגעסען און באַלד נישט פאַרשטאַנען דעם פּלאָנטער. וואָס־זשע האָט איהר געטון? איהר האָט גענומען אייער טערמין, דראַמאַ, צוגע־טשעפּעט צו „סוקסעס" און זיך גלייך גענומען טשעפּען צו משה נאַדיר.

איהר באַגרייפט דען וויפיעל פאַרגעניגען איך האָב געהאַט פון דעם דאָזיגען שפּיל?

איך אויף נאַדיר'ס אָרט וואָלט אויף אייך קיין פאַראיבעל נישט געהאַט. אומגעקערט: איך וואָלט אייך נאָך דאַנקבאַר געווען: קיינער קאָן אַזוי נישט דערהויבען א מענש, ווי איהר. איהר דאַרפט זיך נאָר נעבען איהם אוועק־שטעלען.

איז, אַלזאָ, „סוקסעס" נישט קיין דראַמאַ. וואָס זשע איז דאָס פאָרט? לאָמיר זאָגען, ווי איהר זאָגט: גאָרנישט. גאָרנישט, ווייס איך, איגנאָרירט מען. זייט איהר אַפילו צו דער דאָזיגער מדרגה אויך נישט דערוואַקסען. האָט איהר, אַלזאָ, זיין „סוקסעס" נישט איגנאָרירט. און אויך מיר נעמען אָן, אַז איהר זייט עפּעס, איז משה נאַדיר'ס „סוקסעס" אויך עפּעס. וואָס זשע איז דאָס פאָרט? איך וועל עס שפּעטער ערקלערען.

איהר זאָגט אַז „סוקסעס" פאַרמאָגט נישט קיין דראַמאַטישע טעכניק. איך זאָג אויך אַזוי. האָט מען דאָך עס נישט באַדאַרפט שפּילען. איך זאָג

אויך אז מ'האָט נישט באדארפט. האָט מען דאָך עס אָבער יאָ געשפּילט. וואָס זשע, פרעג איך, האָב איהר אָנגעוואוירען? אייער באָבע'ס ירושה? פאר וואָס שאָנעוועט איהר נישט אייער ענערגיע? נעמט אביסעל לייכטער זאכען, וועט איהר אזוי גיך אלט נישט ווערען. דאָס איז נאדיר'ס פילאָזאָפי. ווייס דען נישט נאדיר אז זיין „דראמא" איז טעכניש נישט געניאל? ער נעמט דאָס אָבער גרינג. פאר וואָס זאָל ער זיך פיהלען קליין, ווען ער האָט פארפעהלט א קלייניגקייט? וואָס איז ער שולדיג, אז קלייניגקייטען רעגען אייך אזוי אויף?

נאדיר דענקט: ווען ליבין און זאלאטארעווסקי פארמאָגען טעכניק, פארוואס זשע זאָל ער זיך פארנעמען מיט אזעלכע קלייניגקייטען? יענע מ ו ז ע ן דאָך עס האָבען, א נישט וואָלטען זיי א פּנים געהאַט ווי שלעכטע שווימער אין א שטורמדיגען ים. ווען ראקאוו זאָל, למשל, נישט פארמאָגען קיין טעכניק, וואָלט ער פארפאָלגט געוואָרען פון זיינע אייגענע העלדען. דער אינהאַלט פון זיינע פּיעסען וואָלט זיך צערונען ווי א טאָפּ וואסער דורך א זיפּעל. מ י ט טעכניק האָט ער שוין אָבער קיין מורא נישט. דאָס איז זעלבסט-שוץ. דעמאָלט האָט ער שוין א זיכערען דרויסען. און אז דער דרויסען איז זיכער, מעג שוין אינוועניג גאָרנישט זיין.

די מוזיק האָט אויך טעכניק. די מוזיקאַלישע טעכניק באשטעהט פון נאָטען. נאָטען זיינען אָבער געמאכט פאר מענשען וואָס פארמאָגען נישט קיין מוזיקאַלישען טאַלאַנט. דאָס איז אזא מין בריק, דורך וועלכער דער מיטעלמעסיגער זאָל, האַלב-וועג, דערגרייכען דעם קינסטלער. דער מוזיקאַלישער טאַלאַנט וועט זיין וועג אפילו אָהן נאָטען געפינען. טעכניק, אין דער ליטעראַטור, איז דאָס זעלבע. ווען קובעליק וואָלט נישט באדארפט אויסדריקען זיין געניאַליטעט פאר צוויי דאָלאר א זיץ, וואָלט ער געקאָנט באגעהן אָהן נאָטען. דער מוזיקאַלישער געניוס דאַרף נישט די נאָטען, פּונקט ווי ער באדאַרף נישט זיין פראַק און דעם גאָלד-פּאָדים ארום זיין בויגען. דאָס דאַרף ער בלויז פאר דעם עולם און פאר זיינע קריטיקער, וועלכע נעמען ארויס מעהר פארשטענדניש פון דעם, איידער פון זיין שפּילען.

ווען דער „מאָדערנער" מענש געהט צו א קאָנצערט „מוז" ער קודם זיין באקאַנט מיט דער לעבען-געשיכטע פון דעם ווירטואָז. אנישט פיהלט ער, אז איהם פעהלט עפּעס, בעת ער הערט שאָפּען'ס א נאָקטורנע. ער „מוז" אויך האָבען א פּראָגראַם, כדי צו וויסען אז דאָס שפּילט מען טאַקע שאָפּען'ס נאָקטורנע, אנישט וועט ער זיך נישט האָבען איבער וואָס צו שפּאַרען מיט זיין פריינד, וואָס וואַרט אויף איהם ביים ארויסגאַנג פאר דעם זעלבען צוועק.

משה נאדיר איז ווייניגער געשעפט-מענש פון קובעליק. ווען ער וואָלט

געווען א געניטער קאָמערציאַנט, וואָלט ער געהאַט א פּראַקטישען פּאַראויס־בליק און געמאַכט זיין „סוקסעס" מיט טעכניק. ער וואָלט אפשר אויך געווען אריינגעפלאָכטען א דאָזע לאַנגווייליגע פּראַזעאָלאָגי און דערמיט צוגעגעבען זיין „סוקסעס" אַן איבסאָן'ישען פאַרב.

נאַדיר וויל אָבער נישט פאַרזאָרגען די וועלט מיט ליטעראַטור. כ'איז איהם אַזוי אויך גענוג לאַנגווייליג.

אַנדערע נעמען זיך צו ליטעראַטור אויס אינטערעס, נאַדיר נעמט זיך דערצו אויס לאַנגווייליגקייט. געוועהנליכע ליטעראַטען זיינען קאָנסערוואַטיוו און טרעטען צו צום שרייבען מיט יראת הכבוד. ליטעראַטור איז פאַר זיי א סאַנקטום. זיי פּיהלען זיך דערהויבען בעת זיי שאַפען. נאַדיר איז אַן אַפּיקורוס אין דער ליטעראַטור. ער פּיהלט, אַז ער צוברעקעלט זיך בעת ער שרייבט. איהם פאַרדריסט טאַקע דער גאַנצער עסק.

נאַדיר באַשאַפט נישט קיין געדאַנקען. ער גיט זיי בלויז אַרויס פון זיך, ווייל זיי לאַנגווייליגען איהם. וואָס זשע איז ער שולדיג, ווען דאָס וואָס לאַנגווייליגט דעם געניוס, פאַראינטערעסירט אַזוי פיעל מיטעלמעסיגקייטען? די מיטעלמעסיגע ווייסען נישט קיין חכמות: זיי קלייבען אויף די געדאַנקען, באַפּוצען זיי מיט אַלערליי טערמינען און פּאַקען זיי אריין אין די טעקסט־ביכער לויט געוויסע כללים. דער געניוס האָט זיין געדאַנק אַרויסגעוואָרפען, ווייל ער דאַרף איהם שוין מעהר נישט. די מיטעלמעסיגע כאַפּען איהם אויף און ווייסען נישט וואָס צו טון מיט איהם. ווי טראַגיש ס'איז דאָס לעבען פון מענש!

האָט נאַדיר אָנגעשריבען א זאַך, אויס לאַנגווייליגקייט עס א נאָמען געגעבען „סוקסעס", און די זאַך, אויס צייט־פאַרטרייב, אַוועקגעשטעלט אויף דער ביהנע. האָבען די מיטעלמעסיגע געפּאַקט דעם ריעז: נישטאָ קיין טעכניק! נאַדיר האָט, אין זיין לאַנגווייליגקייט, פאַרגעסען די טעכניק, האָבען זיך די מיטעלמעסיגע איינגעשלאָסען אין א ראָד און געשטשירעט מיט די ציין: זעה, דער חכם האָט זיין חכמה נישט גענוג נאַריש אַרויס־געזאָגט!

משה נאַדיר איז געקומען צו זיינע צושויער נאַקעט. ער האָט פאַרגע־סען אָנצוטשעפּען דאָס פייגענבלעטעל. שעמען זיך די מיטעלמעסיגע מיט זייער נאַקעטען ברודער. דאָס נאַקעטע שאָקירט זיי.

משה נאַדיר האָט אַרויפגעבראַכט אויף דער ביהנע זיין פאָרם. פאָרם קאָן מען אָבער נישט רעפּראָדוצירען. ער האָט אויך געבראַכט זיין סטיל. סטיל, מעג עס אפילו זיין אין „העכער דריי אַקטען", קאָן מען נישט איבער־געבען אויף דער ביהנע. דערצו מוז, ווינציגסטענס, יעדער שוישפּילער זיין א סטיליסט. און אונזערע שוישפּילער זיינען א סך זאַכען נישט וואָס זיי וואָלטען באַדאַרפט זיין, בפרט דאָס. האָבען אָבער די שוישפּילער געמאַכט

א פארזוך. איז זיי דער פארזוך געלונגען אויף וויפיעל ס'איז מעגליך געווען. די אָרימע שוישפּילער זיינען אָבער מיסטיפיצירט געוואָרען. וואָרים אָנשטאָט וואָס זיי זיינען געוואוינט, אז אין א פיעסע זאָל דער אינהאלט און די טעכניק זיין די הויפּט, האָבען גאָר די צוויי אטריבוטען כמעט אין גאנצען געפעהלט אין נאַדיר'ס „סיקסעס". געווען איז סטיל. סטיל איז אָבער אומזעהבאַר, ווייל סטיל איז אטעם. האָבען די שוישפּילער געאָטעמט אריין און ארויס משה נאַדיר'ס „סוקסעס".

איז דער עולם געזעסען אין טעאטער און, דאכט זיך, גאָרנישט געזעהן. ער האָט אָבער עפּעס געשפּירט. אָטעם שפּירט מען.

זיינען די קריטיקער געזעסען און געזוכט. האָט משה נאַדיר גראָד נישט אוועקגעלעגט דאָס, וואָס זיי האָבען געזוכט. קריטיקער זוכען געוועהנליך תמיד וואָס איז נישטאָ. האָבען זיך די קריטיקער פארקוקט אויף דער האנדלונג, בעת אין דער אמת'ן איז דאָס ביי משה נאַדיר גאָר געווען די טעכניק. די אמת'ע האנדלונג איז פאָרגעקומען אין דעם סטיל. האָט דער סטיל געאָטעמט מיט אַזוי פיעל אומזעהבארע טראגיק! מיט אַזוי פיעל שפּירבאַרע זאָרגלאָזיגקייט! איז אָבער די האנדלונג געשטאַנען אין וועג און געשטערט דעם סטיל. האָט ביי נאַדיר'ן די האנדלונג אָנגענומען די זעלבע שטערענדע פאָרם, וואָס ביי אמת'ע דראַמאַטורגען — די טעכניק. און מיך האָט אַזוי פאַרדראָסען, וואָס נאַדיר האָט זיין טעכניק נישט ווינציגער געמאכט!

האנדלונג איז קריכעדיג און ס'נעמט לאנג ביז עס צוגעהט זיך. דערפאַר מוז האנדלונג געשפּילט ווערען אין פיער טעכנישע אַקטען.

סטיל איז אָבער אָטעם. אָטעם שוועבט. דערפאַר, אַז דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, ווייסען מיר באַלד וואָס נאַדיר וויל. מיר וואָלטען שוין געקאָנט אהיים געהן, ווען נישט די בושה עובר צו זיין דעם מנהג.

„סוקסעס" איז אַן אַפאָריזם. אַפאָריזמען זיינען בלויז פאַר קלוגע, פאַר שאַרפזיניגע. די זעלבע חכמות וואָס קלוגע האָבען ארויסגעזאָגט אין געצעהלטע ווערטער, זיינען געקומען נאַר'אָנים און צולעגט אין גאנצע ביכער. משה נאַדיר פאַרשטעהט אָבער דעם עולם. האָט ער זיך גענומען צו א נאַרישע אַרבייט און צוצויגען אַן אַפאָריזם. זיינע געגנער זיינען גערעכט: אַזאַ נאַרישקייט פּאַסט פאַר אַנדערע, נישט פאַר משה נאַדיר. קאָן אָבער נאַדיר נישט באַגרייפען, ווי אַזוי מ'קאָן זיין קלוג, ווען מען נעמט זיך צו א נאַרישקייט. שרייבען גופא, זאָגט נאַדיר, איז א נאַרישקייט.

דערפאַר איז נאַדיר אַזוי קוריאָז פאַר זיינע אָנהענגער, דערפאַר אַזוי נאַטירליך פאַר מיר.

נאַדיר'ס קריטיקער זאָגען, אַז אַזעלכע זאַכען ווי „סוקסעס" זיינען גוט צום לייענען, אָבער נישט צום שפּילען. נאַראָנים וואָס איהר זייט! וואָלט

נאַדיר געהאַט דאַגעגען, אַז מ׳זאָל זיין זאַך פּאָרלייענען אנשטאט שפּילען? ס׳איז טאַקע אַזוי געווען. וואָרים וואָס אַרט נאַדיר׳ן, אַז די שוישפּילער האָבען זיך באַוועגט בעת מעשה און, צוליב אילוסטראַציע, אָנגעשטעלט מאַנכע זאַכען אויף דער ביהנע?

נאַדיר דענקט, אַז דאָס באַוועגען זיך אויף דער ביהנע, דער גרים און די מעבעל, זיינען בלויז נעבענזאַכען, תירוצים. דער עיקר איז דאָס, וואָס מ א כ ט באַוועגען. איבסען, שאָ און אַנדערע דענקען אויך אַזוי. אַזוי דענקט אויך דער אור־פּרימיטיוו.

נאַדיר איז אור־פּרימיטיוו און וויים נישט פון די דאָזיגע קונצען. נאַדיר איז אולטראַ־מאָדערן און ו ו י ל דערפון נישט וויסען.

אַזוי קוק איך אויף נאַדיר׳ס „סוקסעס”. אַזוי ד א ר ף מען קוקען.

איהר זאָגט, אַז משה נאַדיר׳ס „סוקסעס” פאַרמאָגט נישט קיין דראַמאַ־טישע טעכניק? איך זאָג אויך אַזוי. דאַריבער איז וואָס? האָב איך דען דערפאַר קיין הנאה נישט געהאַט? האָב איך דען נישט געלאַכט? משה נאַדיר וויל נישט מעהר. האָבען דען, אינאיינעם מיט מיר, אפשר נישט־ווילענדיג, אויך זיינע אַנהענגער און געגנער נישט געלאַכט? אפשר איז דאָס געווען גראָד דערפאַר, ווייל די טעכניק האָט דאָרט געפעהלט? מעגליך אַז די וויצען און קלוג־ווערטלעך האָבען אויסגענומען דערפאַר, ווייל זיי האָבען זיך געפיהלט פריי, צולאָזט, נישט איינגעצווימט אין טעכנישע כללים? כדאי זיך צו פאַרטראַכטען.

נאַדיר׳ס געגנער זיינען אָבער מיטעלמעסיגע מענשען. זיי לעבען מיט מנהגים און כללים. ווער וויים, אפשר לעבען זיי בלויז דערפאַר, ווייל ס׳איז שוין אַזאַ מנהג און מ׳קען נישט זיין קיין יוצא מן הכלל. וואָרים אייגענטליך האָבען זיי דאָך גאָרנישט געזאָגט צו משה נאַדיר. פון „סוקסעס” האָבען זיי דאָך הנאה געהאַט, פונקט ווי איך, פונקט ווי אַלע.

דאָס ריין־מענשליכע אין זיי האָט הנאה געהאַט.

און געלאַכט האָבען זיי מיט אַ פּ ע נ ע מיילער. און דאָס איז אַ פּיזישער כלל: מיט אַן אָפענעם מויל לאַכט מען נישט בעת מען פיהלט נישט.

וואָס זשע דען?

דאָס א ו י ס ג ע ט ר אַ כ ט ע ביי זיי האָט זיך נישט מיטגע־פרעהט. די פאָדערונג פון טעכניק און דראַמאַטישען כלל האָט קיין הנאה נישט געהאַט.

נו, איז מען קלוג און מ׳זאָגט:

האָב עס אין דר׳ערד, אַבי א י ך האָב הנאה געהאַט!

דאָס וואָלט געווען אור־פּרימיטיוו, אולטראַ־מאָדערן.

דאָס וואָלט געווען נאַטירליך.

נו, מיינע הערען פון דער פּרעסע, האָט זיך געלוינט צו זיין אַזוי פּאַרדאַמט־קורצזיכטיג ?

אסור !

מען מאַכט זיך בלויז צום נאַר.

געדענקט : משה נאַדיר איז אַ דראַמאַטורג נ י ש ט געוואָרען. ער האָט אפילו קיין דראַמאַ אויך נישט אָנגעשריבען.

נאָר אָט וואָס :

משה נאַדיר האָט אָנגעשריבען אַ ז אַ ך. האָט ער, אויס לאַנגוויי־ליגקייט, געביטען די פאָרם און, אויס צייט־פאַרטרייב, עס אַוועקגעשטעלט אויף דער ביהנע.

אַזוי זאָג איך.

